# לאַמענט און ליד

לידער

פון

אָסיפּ וואַלינסקי



# סקולפּטורן

פון

ראָזאַ ניומאַן־וואַלינסקי

# *OSSIP WALINSKY*
# *LAMENT AND SONG*

---



---

אַרויסגעגעבן דורכ'ן מחבר
אין ניו יאָרק 1956

---

שער בלאַט געצייכנט פון
שאול ראַסקין

---

SCULPTURE PLATES
BY
DAVID ORANS, JR.
OF
QUALITY ENGRAVING CO.

---

PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY PRINTMORE PRESS, NEW YORK
168



ראָזאַ־ניומאַן וואַלינסקי
אין 1905 אין לאָנדאָן

צייכנונג פון אַנאַ וואַלינסקאַ, איהר טאָכטער



**אָסיפּ וואָלינסקי**
אין 1905 אין לאָנדאָן

צייכנונג פון דער מאלערין אַנאַ וואלינסקא, זיין טאָכטער

# אינהאלט:



## פון דער טיפעניש



## אין דיין וועלט פון „טינט און לײם"



## רעפּראָדוקציעס פון סקולפּטורען ביי ראָזאַ־ניומאַן וואלינסקי

# רייזעלע און ראָזאַ

## שטריכן פון אַ לעבן

---

נאָך אַ שווערן, העראָאישן געראַנגל מיטן מלאך־המות — אַ געראַנגל וואָס האָט געדויערט גאַנצע 14 יאָר — האָט ראָזאַ ניומאַן־וואָלינסקי, אין רייפן לעבן און שאַפן, אויף אייביק צוגעשלאָסן אירע מילדע, קלוגע און רחמים׳פולע אויגן. ענדלעך האָט דער אייביק־אומפאַרמיידלעכער אַכזר, דער טויט, פיזיש באַזיגט איר אָפּגעשוואַכטן קערפּער — נאָר נישט איר ריינעם עקשנות׳דיקן גייסט — ווייל איר זעלן־לעבן, איר נשמה־דראַנג, איז פאַרבליבן עקזאַלטירט, אין אַ צושטאַנד פון שטענדיקער גייסטיקער פאַראינטערעסירטקייט און דערהויבנקייט ביז דער סאַמע לעצטער רגע, ווען זי האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם אין אַ שפּיטאָל, דעם 21 מאַי, 1953.

ראָזאַ ניומאַן־וואָלינסקי איז געווען באַשאָנקען מיט אַ וואַרעם האַרץ, מיט וויזיע, מיט מיטגעפיל און פאַרשטענדעניש פאַר פרעמדע פונקט ווי פאַר אירע אייגן־נאָענטסטע — ווייל זי איז געווען, סיי פון דער נאַטור און סיי פון איר לעבנס־דערפאַרונג אַן אידעאַליסטקע, אַ טרוימערין פון אַ ליכטיקן מאָרגן, פון אַ פרייער און פרידלעכער וועלט, און דאָס גייט שוין במילא מיט ליבע און מיט גלויבן אין מענטשן.

היפּער־סענסיטיוו, — אַליין אַ טאַלאַנטפולע דיכטערין און באַגאַבטע סקולפּטאָרין, קומט איר לעבנס־באַנעם תמיד צום קינסטלערישן אויסדרוק הן אין איר בוך לידער „טינט און ליים״, הן אין איר גרויסע נאָוועלע „די פרוי וואָס האָט געזיגט״, ווי אויך אין אירע סקולפּטורן, וואָס זענען וואַרעם אָנגענומען און אויפגענומען געוואָרן אין פאַרשידענע קונסט־גאַלעריען אין ניו יאָרק, ווי אויך פון די ניו יאָרקער קונסט־קריטיקער.

אין איר לעבן, ווי אין איר קונסט, האָט זי אַלעמאָל אַרויסגעהויבן דאָס דערהויבענע, און דערפאַר זיינען די האַנדלונג און באַהאַנדלונג פון אירע שאַפונגען געווען באַהויכט מיט טיפער ליבשאַפט און גרויס דרך ארץ פאַר אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט אויף גאָט׳ס וועלט.

זי האָט תמיד געפילט אַ נאָענטשאַפט, אַ קרובה׳שאַפט צום בוים און צו דער בלום, צום טייך און צום ים, און אפילו צו דער ווייטער לבנה און די שטערן. און מחמת זי האָט אומעטום און אין אַלץ געפילט די געטלעכקייט פון באַשאַף — האָט זי די נאַטור־וואונדער מכל המינים באַזונגען אין „טינט און ליים״.

איר ליד פון לידער איז אָבער תמיד געווידמעט דעם מענטשן — גאָט׳ס בחיר היצירה — צו דעם וואָס איז דערהויבן, איידל און געטלעך אין מענטשן — דעם ניט פערפעקטן מענטש אין אַ פערפעקטן וועלט־באַשאַף!

געבוירן אין אַ קליין שטעטל, כאָטין (בעסאַראַביע), ביי פרומע טאַטע־מאַמע, האָט רייזעלע נאָך אַלס קינד איינגעזויגן אין זיך די גוטסקייט און געטריישאַפט פון איר מוטער ליפשע און די פרומקייט און דראַנג נאָך יושר פון איר פאָטער ליפמאַן. און אָט די דאָזיקע טיפע מאָראַלישע אייגנשאַפטן האָבן זי שטענדיג באַגלייט אין איר לעבן און אין איר קונסט.

איר פֿאָטער — אַ לַמדן און ניט־פֿאַרדינער — איז געשטאָרבן יונגערהייט, ווען דאָס שטעטל איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון אַ כאָלעריע־מגפה.

די מאַמע — אַ יונגע אלמנה, האָט אַליין געמוזט מפרנס זיין די פֿינף פֿאַר־בליבענע קינדערלעך, צווישן זיי רייזעלען, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען זיבן יאָר.

די קינדער האָבן געטיילט די ביטערע דאָליע פֿון דער מאַמען און האָבן אויף זיך אַליין געמוזט אַכטונג געבן און זיך אַליין דערציען. דריי ברידער און צוויי שוועסטער זיינען זיי געווען — אַלע ליבע, טייערע קינדער — און רייזעלע — דער מאַמעס ליבלינג.

האָט די מאַמע רייזעלען אין שולע געשיקט, זיך אויסצולערנען לייענען און שרייבן, מחמת דאָס קינד האָט צו דעם באַגערט. אָבער ניט לאַנג איז איר באַשערט געווען צו פֿאַרבלייבן אין דער שולע.

די עמיגראַציע — דאָס געלויף פֿון די אידן פֿון שטעט און שטעטלעך ביים סוף פֿון 19טן יאָרהונדערט - האָט אויך דערגרייכט כאָטין. האָט די מאַמע פֿאַרקויפֿט דאָס שיך־קרעמל, צונויפֿגעשלאָגן אַביסל געלט און מיט די קינדערלעך אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן, וואָס איז דעמאָלט געווען די סטאַנציע פֿון וואַנען אָרעמע עמיגראַנטן האָבן זיך געריסן קיין אַמעריקע.

די יונגע רייזעלע האָט דעמאָלט אין זיך איינגעזאַפּט דעם גאַנצן שוידער פֿון דער אידישער אָרימקייט אויף דער עמיגראַציע. מיט יאָרן שפּעטער פֿאַרצייכנט זי, אין איינער פֿון אירע לידער, אויף איר כאַראַקטעריסטישן צימצום׳דיקן און בילדערישן אופֿן, דאָס געזעגענען זיך מיט איר שטעטל:

די זון האָט געהאַלטן אין אונטערגיין,
ווען מיר זיינען אַרויסגעפֿאָרן פֿון שטעטל.
די זון האָט שוין מער דעם טאָג ניט געזען,
און איך — מיין שטעטל.

אין לאָנדאָן איז רייזעלעס מאַמע, וואָס איז שטענדיק געווען אַן אַרבעטזאַמע, מיט גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייטן און מיט אַן עול פֿון פּרנסה, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן פֿון אַ סוחרטע אין אַ וואַכטערקע ביי קינפּעטאָרינס. און רייזעלע אַליין איז שוין צו צוועלף יאָר געוואָרן אַ פֿאַרדינערין.

די נאָדעל־טריידס אין לאָנדאָן, זיינען צו יענער צייט, געווען אַ נעסט פֿאַר קינדער שקלאַפֿעריי, און אין איינעם פֿון אַזאַ מין שאַפּ פֿון מענער־היטלען איז אויך רייזעלע אָנגעקומען אַרבעטן.

די עלטערע „שוועסטער און ברידער", אַרבעטער פֿון שאַפּ, האָבן רחמנות געהאַט אויף דער יונגער יתומה׳לע, אַרויסגעוויזן איר פֿריינטשאַפֿט און אַרויסגעהאָלפֿן איר אין דער אַרבעט. און אַזוי אַרום איז דער שאַפּ געוואָרן איר צווייטע היים.

און אין אָט דער נייער היים האָט זיך פֿאַר איר אַנטפּלעקט די נייע אַרבעטער־וועלט און זי איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די האַרציקע גירל־לידער פֿון מאָריס ראָזענפֿעלד, דוד עדעלשטאַט, י. באָווישאָווער, מאָריס ווינטשעווסקי, און פֿון אַנדערע פּראָלעטאַרישע פּאָעטן, וועמעס געזאַנגען האָבן ביי איר אַרויסגערופֿן ביטערע טרערן אויף דער שווערער דאָליע פֿון דעם אַרבעטס־מענטשן בכלל און אויף איר אייגענעם ביטערן גורל בפֿרט.

צו פערצן יאָר איז שוין רייזעלע געווען אַ „פּאָלנער" מענטש, אַ בר דעת.

זי איז געווען באַשיידן אין איר שיינקייט און שיין אין איר נאַאיוויטעט. איר וואַרעם האַרץ האָט זיך אָפּגערופן און מיטגעליטן מיט אַלע באַליידיקטע און ליידנדיקע פון נאָענט און ווייט. זי האָט אָפט באַזוכט אַרבעטער פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע בעלער און איז געווען אַ פאַראינטערעסירטע און פלייסיקע לייענערין פון אַלערליי פּראָלעטאַרישע און רעוואָלוציאָנערע בראָשורן און ביכער — אָבער איר ליבלינג ליטעראַטור — ראָמאַנען און פּאָעזיע.

אין דער ראַדיקאַלער ביבליאָטעק אין לאָנדאָן, וואו איך בין געווען אַ תושב און זי אַן אָפטע באַזוכערין, האָבן מיר זיך באַקענט — זיך פאַרליבט — און גאָר יונג התונה געהאַט.

אין 1906 איז שוין רייזעלע אַ מוטער. זי גיט אָבער נישט אויף איר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. און איר זייער באַשיידענע היים, ווערט אַ צענטער פון רעוואָלוציאָנערן, יוניאָן־טוער, שרייבער און קינסטלער. זי פאַרמאָגט פאַר זיי אַלע אַ סך וואַרעמע מאַמעשע און שוועסטערליכע היימישקייט. איר איבערגעבנקייט און לאָיאַליטעט ווערט זייער הויך געשאַצט מצד פון אַ צאָל פון די וויכטיקסטע אַרבעטער טוער און אינטעלעקטואַלן פון יענער צייט און סביבה: אידן און ניט אידן.

אין יאָר 1912 פאַרלאָז איך לאָנדאָן און פאָר אָפּ קיין אַמעריקע. עטלעכע הדשים שפּעטער שיק איך די מיטלען אַריבערצוברענגען ווייב און קינד — און ניו יאָרק ווערט אונדזער נייע היים.

שפּעטער פאַרפירט אונדז דער גורל קיין קאַנאַדאַ, וואו איך דין צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אַלס באַצאָלטער יוניאָן־פירער. און אין 1915 קערן מיר זיך צוריק און באַזעצן זיך אויף שטענדיק אין אַמעריקע נאָענט בשכנות פון איר ליבער מוטער און פאַמיליע.

און רייזעלע — אַ ליבע מוטער צו אירע דריי קינדער, אַ געטרייע לעבנס־באַגלייטערין, האָט זי אַלע יאָרן אַנטייל גענומען אין אַלע מיינע אַקטיוויטעטן, טיילנדיק מיין גורל אַלס אַרבעטער טוער אין אַלע דריי לענדער פון אונזער וואוינשאַפט — ענגלאַנד, קאַנאַדע און אַמעריקע.

זעלבסטשטענדיק אין כאַראַקטער, אינדיווידועל אין איר אַרט דיינקען, יהידיש אין איר אויסדרוק און געטריבן פון אַן אינערלעכן דראַנג פון זעלבסטבאַשטימונג, זעלבסט־אַנטפּלעקונג און זעלבסטדערקענטעניש, האָט ראָזאַ־ניומאַן וואַלינסקי (אַלע מאָל פאַרבונדן איר אייגענעם פאַמיליע נאָמען מיט מיינעם), אין עלטער פון 40 יאָר, גיט זי זיך אינגאַנצן איבער צו דער קונסט פון סקולפּטור, אַנטדעקנדיק אין זיך געהיימע נאַטור־מיטלען פון מייסטערשאַפט צו באַצווינגען רויען ליים און באַהויכן טויטע פיגורן מיט איר קינסטלערישער וויזיע און אייגנאַרטיקער שעפערישקייט.

מיט דריי יאָר שפּעטער איז זי אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג פון השובע קאָלעגן־קינסטלער און איז אַנערקענט געוואָרן פון אָנגעזעענע קריטיקער אין דער אַלגעמיינער פרעסע, ווי אין קונסט־זשורנאַלן אַלס באַגאַבטע סקולפּטאָרין.

איר טרוים איז ענדלעך פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווייל זי האָט אין לעבן דער־גרייכט איר נאַטירלעכן און לאַנג־געגאַרטן ציל: זי ווערט אַן אַנערקענטע קינסטלערין — צו וואָס זי האָט אַ לעבנלאַנג געשטרעבט און מיט אַזוי פיל מי געזוכט דעם וועג צו אויסדרוק און באַשאַף. איר גייסטיקע באַפרידיגונג — איר באַוואוסטזיין אַז זי

האָט אַרויפגעשוועבט אויף הימל־לייטער מיט אייגן־דערוואָרבענע מיטלען: מיט אייגענער זעלבסטבילדונג און אייגענער פאַרפולקאָמונג.

איצט אָבער — ווען עס איז ערשט געקומען די צייט פון אַ פולן שעפערישן לעבן — קלאַפּט דער טויט אין טיר.

ראָזאַ, וואָס איז בלויז 49 יאָר אַלט, ווערט באַפאַלן פון אַ האַרץ־אַטאַקע און ראַנגלט זיך ממש מיטן מלאך־המות אַ סך וואָכן אין אַ שפּיטאָל.

אויף איר שווער קראַנקן־בעט פאָלגט איר נאָך די אייביקע אומרו — פאַרנעמט זי זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן מיט שרייבן לידער.

זי ווערט אין איר נייער שאַפונג אימפּאָנירט און דערמוטיקט פון איר עלטערער טאָכטער אַנאַ — אַליין אַ באַגאַבטע און אַנערקענטע קונסט־מאַלערין, מיט אַסאַך וויסן און פאַרשטענדעניש פאַר קונסט און ליטעראַטור.

אויף איר קראַנקן־בעט פילאָזאָפירט זי: „ס'איז ניט אמת, אַז אַ געזונטע נשמה הויזט בלויז אין אַ געזונטן גוף. וואָס שוואַכער דער קערפּער אַלץ ריינער די נשמה און טיפער דער גייסט". און זי האָט טאַקע דעם דאָזיקן גלויבן דעמאָנסטרירט ביז איר לעצטן אָטעם־צוג.

אַרויס פון שפּיטאָל ווידמעט זי אירע טעג און נעכט צו דער קונסט פון פּאָעזיע, און דער פועל יוצא דערפון איז איר לעבנסווערק „טינט און ליים" — אַ בוך לידער און סקולפּטור־רעפּראָדוקציעס, דערשיינט אין 1942, געווידמעט דעם דיכטער און משפחה־פריינט מאַני לייבּ און דעם אייגנאַרטיקן פּאָעט משה נאַדיר, וועלכע האָבן זי דערמוטיקט צו פאַרעפנטלעכן אירע לידער אין בוך־פאָרם.

דאָס בוך „טינט און ליים" געפינט באַלד אָנזען ביי קאָלעגן און פריינט און פאַרשאַפט דער קינסטלערין אַסך טרייסט אין אירע שווערע טעג פון קראַנקהייט און יסורים.

דער באַרימטער אידיש־העברעאישער פּאָעט, זלמן שניאור, שרייבט צו דער דיכטערין: „איר זענט אַן אויסגעשפּראָכן, טאַלאַנטפולע פרוי. דאָס איז קלאָר. אייערע לידער זיינען אָנגעוויטעט מיט כינעזיש־יאַפּאַנישע קווייטן־אויסגעניטע אויף זייד. מען קען זיך ניט באַהערשן פון דעם אַלגעמיינעם איינדרוק, אַז די דיכטערין איז אַ שייך־גייסט, אַז וואולגאַריטעט איז איר פרעמד — און דאָס איז אַזוי זעלטן אויף אַמעריקאַנער ערד".

און דער דיכטער דניאל טשאַרני שרייבט: „איך האָב שוין באַוויזן אַריינצוקוקן אין אייער לידער אַלבום „טינט און ליים". אייערע לידער און סקולפּטורן האָבן מיך ווידער אַוועקגעפירט צו די גאָר הויכע אַלפּן־בערג אין דער שווייץ, וואו כ'פלעג גערן פליקן די טשיקאַווע שטערן־בלומען, וואָס שפּראָצן אַרויס פון צווישן פעלזן־שפּאַלטן — שטערן בלומען מיטן נאָמען „עדעלוויים". אויך דאָרטן, צווישן די פאַר־שנייטע אַלפּן־בערג דערוויסט מען זיך **דעם גרויסן סוד** פון אייער ליד: **אַז דער טויט און די עלטער טוען ניט וויי".**

דאָס בוך „טינט און ליים" איז אַן אייגנאַרטיקע שאַפונג פון אַן אייגנאַרטיקער קינסטלערין אין דער אַלזייטיקער און רייכער אידישער ליטעראַטור — אַ שאַפונג פון אַ באַגאַבטער קינסטלערין סיי אין דער קונסט פון ליד, סיי אין דער קונסט פון סקולפּטור. מיר ווייסן ניט פון אַן אַנדער ווערק פון דעם מין אין אונזער שפּראַך.

דאָס פּראָסטישע און דאָס בילדלעכע פון דער סקולפּטור-קונסט קריגט אַבסטראַ־ קטישן אויסדרוק אין איר בילדער און צייכענונגען, ווי אין אירע סקולפּטור־ שאַפונגען זענען נאָר אָפט באַהויכט מיט דער פּאָעטיש-מיסטישער אנטפּלעקונג פון דער ליבשאַפט.

דער קונסט-קריטיקער פון דער „ניו יאָרק טיימס" האָוואַרד דעווריִ, דאָס זין שייכות מיט דער אנדענק-אויסשטעלונג פון ראָזא ניומאַן-וואָלינסקי וואָס איז פאָרגעקומען אין קונסט-צענטער פון אידישן קולטור-קאָנגרעס, פון צווייטן ביז 10טן אָקטאָבער, 1953, געגעבן דעם פאָלגנדיקן אנאַליז און קריטיק-אָפּשאַץ פון איר גאַנג און אויפטו אין דער קונסט: „די 30 סקולפּטורן", שרײַבט ער, „פון דער פאַרשטאָר־ בענער קינסטלערין ראָזא ניומאַן-וואָלינסקי, זײַנען קעפּ „פון וועלכע א טייל זײַנען באמת אויסגעצייכנטע, אויסדרוקספולע פּאָרטרעטן און סאַטירישע פיגורן. אירע שאַפונגען פון דער קינסטלערין טראָגן דעם שטעמפּל פון אן אויפריכטיקער רעאַליסטין וואָס האָט מיט אירע אייגן געזען פּאָעזיע אין רעאַליזם".

קאַרליל בעראָוס, דער קונסט-קריטיקער פון דער ניו יאָרקער „הערעלד־ טריביון", גיט ראָזא ניומאַן וואָלינסקי „גרויס קרעדיט פאַר איר אָריגינאַליטעט אין אייגנאַרטיקן סטיל אין אירע שאַפונגען".

דער קונסט-זשורנאַל „אַרט דײַדזשעסט" פון 15 סעפּטעמבער, 1953, שרײַבט „ראָזא ניומאַן-וואָלינסקי איז אַן **אינטואיטיווע, פאַרפאָלקאָמטע** קינסטלערין וואָס פאַרדינט געערט צו ווערן".

זי האָט אַמבעסטן ליב געהאַט צו מאָדעלירן סענסיטיווע פרויען מיט הנעוודיקע לעבנס-שמייכלען, סטימולירט פון פּרימיטיווער קונסט. די קינסטלערין האָט, אין משך פון די לעצטע 14 יאָר, געהאַט די זכיה צו לייענען אַסך הויכע אָפּשאַצונגען, וועגן א גאַנצער ריי אויסשטעלונגען פון אירע קונסט-ארבעטן.

איר געזונט-צושטאַנד ווערט אָבער אַלץ ערגער: די האַרץ-אָנפאַלן — אָפטער; די יסורים — גרעסער, און איר געדאַנק מיטן טויט עקשנות'דיקער. ווי עס זאָגט עדות איר ליד:

דאָ ווינטשיס א געטין
ראַנגלט זיך אַ בלייכע
מיטן טויט.
דער טויט אַליין
נאָך בלייכער פון איר,
שטייט אין אַ ווינקל,
און האָט מורא זי אַנצורירן
פון גרויס באַוואונדערונג.

זי שרײַבט און שרײַבט מיט בלוט פון איר האַרצן: לידער, דער־ ציילונגען און באַווייזט נאָך אָנצושרײַבן א לענגערן ראָמאַן, פאַרעפנטלעכט אין דרײַ אידישע צייטונגען, אין ניו יאָרק, מאָנטרעאַל (קאַנאַדאַ), און בוענאָס איירעס (אַרגענ־ טינע).

דער נאָמען פון איר ראָמאַן: „די פרוי וואָס האָט געוויינט", איז באמת כאַראַק־ טעריסטיש און איז אַם בעסטן צוגעפּאַסט צו איר גאַנצן לעבנס-גאַנג. האָט זי דאָך א לעבן-לאַנג געקעמפט און זיך געראַנגלט מיט א ביטערן גורל און א שווערער ראָלע; זי האָט אָבער מנצח געווען, מחמת זי איז שטענדיק געווען פאַרליבט אינס לעבן און

תמיד געלעבט אין אַן אייגענער וועלט — אין אַ צויבער-לאַנד פון קונסט און פּאָעזיע — אין אַ געמיט-צושטאַנד פון נשמהדיקער עקזאַלטאַציע און ביבלישער עקסטאַז און בטחון און פון דעם דאָזיקן אייביקן מקור — איר איבערמענטשלעכער כח אין דעם לאַנגן געראַנגל מיט דעם בלינדן גורל.

און זיינען אירע טעג געוואָרן שווערער און געציילטע און אירע יסורים שאַרפער און פּיינפולער — האָט זי, די אייביק-גלויבנדיקע אין קונסט און אין ליד, אין מענטש און וועלט, אין גאָט און זיין באַשאַף — שלום געמאַכט מיט איר לעצטקייט, לויט איר פּאָעטיש-פילאָזאָפישער קרעדאָ פון איר ליד, וואָס זי האָט טאַקע אַ נאָמען געגעבן „לעצט" און וואָס דריקט אויס אויף אַ קורצן, אָריגינעלן אופן די גרויסע טראַגיק פון מענטשלעכן גורל:

אַ לעצטע שורה פון אַ ליד,
אַ לעצטער ביסן פון אַ מויל,
און אַלץ וואָס איז געווען איז גוט,
און אַלץ וואָס איז געווען איז וואויל.
אַ לעצטער זון-שפּיל אויף די אויגן —
לעשט אויס אַלע רעגנבויגנס!

די שורות קלינגען איצט פּראָפעטיש!

אַ לעצט-לעפּעלע נאַרונג האָט טאַקע איבערגעריסן איר לעצטן זיידענעם לעבנס-פאָדעם. נאָר אויב עס גיט איבערהויפּט אַ טרייסט אין אויסלאָז — האָט זי ביים צושליסן אויף אייביק די וויזיאָנערישע אויגן געהאַט אויף וועמען און אויף וואָס צוריק-צוקוקן מיט שטאָלץ און ביזן „לעצטן זון-שפּיל פון אויג" האָט זי געהאַט אויף וואָס און אויף וועמען צו קוקן פאָראויס מיט גלויבן און פאַרטרויען אין איר אייגן פלייש און בלוט.

האָט זי דאָך איבערגעלאָזט אַ רייכע ירושה — אייביקע ליבע פאַר קינדער און קינדס-קינדער; פאַר איר פאַמיליע און משפּחה, פאַר אירע קרובים, פריינט און פאַר-ערער, און בכלל פאַר אַלע מענטשן-קינדער אויף אונזער זינדיקער און ווייפולער ערד. האַלטן מיר טייער איר ירושה; פאַראייביקן מיר איר נאָמען, ווי איר ליד אין טינט, ווי איר סקולפּטאָר אין ליים און שטיין און האַלץ-מאָנומענטן האָבן דאָס געטאָן אין אונזערע הערצער.

אַוודאי ווילט זיך גלויבן, „אַז דער טויט און די עלטער טוען ניט וויי", און אַז אירע יורשים וועלן זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן!...



## י ז כ ו ר

כ'האָב איינגעקריצט דיין ליד אויף דער מצבה,
דיין ערלעך ליד פאַר לאַנגע, ווייטע יאָרן —
אויב חלילה זאָלן דורות שפּעטער ווען דיין ליד פאַרגעסן,
וועלן שטומע שטיינער האָבן אַ בעסערן זכרון!

# ווערטער פון טיפעניש

איך קען מיינע ווערטער ניט צוימען,
איך קען מיינע ליפּען ניט שליסן —
ס׳רעגנט מיין גומען צעשוימטער,
ווערטער באַפרייטע פון תפיסה.

ווערטער גאַנץ איינפאַכע, פּראָסטע,
פליען אין טיפען און שטיקן;
אויסשטראַל פון ליבע פאַרלאָזטער,
זוכט איצט אין ווערטער אַ תיקון.

איך לעב אין דיין זכות אַ פאַרצערטער,
דיין שפילקייט צערוישט און צעקוועליקט;
איצט שטראָמען די ווערטער פאַרטרערטע,
פון האַרצען געגערט און געזעליקט . . .

# אין אַמבולאַנס

אַמבולאַנס — עס פליט דער אַמבולאַנס,
אַ וויכער־וואָגן אין געיעג -
און דו — דער קרבן אויפן וועג —
איבער ווימלדיגע גאַסן — אין אַמבולאַנס.

סירענע וואָיעט פון אַמבולאַנס ;
ווי אַ הירש אין שרעק, ער גאַלאָפּירט —
ס׳ווערט אַ לאַם צו דער עקידה געפירט
אין טויטן־טאָל — אין אַן אַמבולאַנס.

אין זון פאַרגיי — אין אַמבולאַנס —
איך מיט דיר אין פאַרמעסט מיט טויט —
ווי איך מיט דיר אין הופּה־קלייד —
איך פלי מיט דיר אין אַמבולאַנס !

# דער לעצטער לעפל

פרימאָרגן־ליכט דרינגט דורך אַ שפּאַלט פון מידן אויג,
זונשפּיל פרײדיקט דיך אויף טויטן בעט;
בלײכע שאָטנס פון דער נאַכט בלאָנדזשען אויף די ווענט,
אויף די בלאַסע ליפּן דײנע: תּפילה און געבעט.

קורין דער אָטעם — שלינגט טראָפּנס „אָקסיגען"
אין אַנגסט,
און יעדער אָטעם־צוג — אַ כליפּ, אַ טרער —
איז גלות־לאַנג די נאַכט, ווי אַ קאָשמאַר —
האָפסטו קומען וועט דער טאָג מיט לעבן און באַגער.

דײן בעט — אַ וויג מיט פירהענגלעך פאַרהאָנגען, בעטלט
בײ אַ קראַנקן־שוועסטער אַ שמײכל און פאַרטרוי.
די זון — אַ פײער־ראָד איצט קרײזט אַרום שפּיטאָל,
און דו, פאַרוועלקטע בלום, לעכצסט און דורשסט נאָך טוי.

אין גסיסה ציטערט דער לעצטער לעפל בײ דײן מויל;
טויכט דײן לעצטקײט, ווי לעצטע שורה פון אַ ליד,
איך גרויל אין פּחד מיט דײן לעצטן גרויל —
דער לעצטער זון־שפּיל אויף דײן אויג איצט אַזוי מיד!



אַ היימישער קלעזמער מיט אַ באַנדורע

סקולפּטור פון ראָזאַ-ניומאַן וואַרינסקי

# ערשט געוועין

פינגער פאַרקרעמפּטע,
הילפלאָזע הענט,
צאַנקט אינעם האַרצן —
אַ ליכט אויסגעברענט!

לאַשטשענדע אייגן,
שוואַרצאַפּל שטאַרט —
שטערן אויף הייעס —
פאַרזיגלען די נאַכט!

שמייכל פון יאוש —
עס קומט אָן די שעה:
זוניקער טראָפּן —
אַ בליץ און ניטאָ!

## אַזוי פיל מאָל

האָסט אַזוי פיל מאָל באַזיגט דעם מלאך המות,
אַז ביסט געוואָרן אַ לעגענדע...
און ניט געגלויבט האָב איך, אַז ביסט שוין מער ניטאַ,
אַז ס׳האָט דיין פיינלעכער גוראַנגל זיך פאַרענדיקט.

פאַרוואָר — דיין האַרץ האָט אויפגעהערט צו שלאָגן,
די אויגן שטאַר — די ליפּן אָפן —
נאָר דיין וואָרט, דיין ניט דערזאָגטס וועט אייביק זאָגן
אַ ברכה דאָ צו אונז ביז אַלע סופן!

## איך בין געווען

איך בין געווען אַ טרייער שומר,
ביי פרעמדע וויינגערטנער אַ היטער —
האָב פאַרקוקט מיין אייגן גאָרטן
און פאַרוואָרלאָזט מיינע גיטער.

כ׳האָב געפלאַנצט פאַר פרעמדע בוימער
און געאַקערט פרעמדן באָדן;
האָב באַזונגען פרעמדע הימלען,
פרעמדע שפייכלער אָנגעלאָדן.

בין געווען אַ בלינדער פאַסטוך,
דיינע אייגן אויסגעמיטן,
און דיין אויסגעבייקטע ליבע
אויף קמיעות אויסגעביטן.

# לעצטער אָפּשייד

דיין מוטער, זי וועט דיך אויפנעמען
מיט ליבע און מאַמעשער צאַרט —
און הערליכע, הימלישע טענער
וועלן באַגלייטן דיין נאַכט.

דיין פּאַטער, דער גוטער און פרומער,
אין טאָל פונס טויט דיך באַגלייט;
געטובלט אין ליידן און אומעט,
דיין ריינע נשמה דערפרייט.

און לייכט איז דיין טראָט, ווי באַפליגלט,
אין אייביקע הויכן פאַרשוועבט;
אויף זינדיקער ערד האָסט באַשפּיגלט
דאָס גוטע, דאָס ליבע וואָס לעבט.

וועט חסד און רחמים דיר דינען,
אין אייביקער רו און אין רום;
דיין ליכטיקן פאָדעם וועלן שפּינען
פאַרערער און פריינד אומעטום.

און מיר, די יתומים אין יאָרן,
— קיינמאָל פון טרויער דערלייזט
— זוכן אַ טרייסט ביי דיין אָרון
ס'איז דיין זוניקער לעבן — די טרייסט!

# אין שפּיגל פון טייך

אין לויטערן שפּיגל פון האָדסאָן,
זע איך מיין שפּיגל פון לעבן.
שיין איז דער האָדסאָן און אייביק —
איך — אַזוי נישטיק און שטויביק —
שלייך, ווי אַ שאָטן דערנעבן!

די טויבן צו נעסט שוין פאַרפליגן,
די בוימער פון טאָג — אַנגעזעטיקט:
די זון הינטער באַרג אונטערראיילט -
איך אויף אַ באַנק נאָך פאַרזויילט —
ליבע און לעבען פאַרשפּעטיקט!

אַ וועווערקע וואָגלט און וויגט זיך,
זוכט און געפינט נאָך אַ ביסן;
איך זוך שוין ניט מער קיין אַנטציקונג —
דער בוים און די באַנק — מיין דערקוויקונג —
אין תשובה — איך שטיל מיין געוויסן!

אין שפּיגל פון טייך, אויפן האָדסאָן,
זעגלען די שיפן אָן זאָרגן;
שעפּטשען די שטראָמען אַ תפילה —
קלינגט מיר געקלאַנג פון נעילה:
וואָס ברייננגט מיר, וואָס ברייננגט מיר דער מאָרגן?

# איך רעד צו דיין בוים

איך רעד צו דעם בוים ביי דיין פענצטער —
ער הערט און פֿאַרנעמט מיינע רייד;
געזעען ער ביי דיר דאָ דער שענסטער —
יתומ׳ט ער איצט אין צעשייד!

די בלעטער נאָך גרינע, דערמאָנען:
דיין יוגנט, דיין רייז פֿון אַמאָל;
דיין קונסט אין די רייכע סאַלאָנען,
דיין ליד און דיין לייד און דיין קול!

די צווייגן פֿון פרילינג צעצוואָגן,
צירן דיין צימער גערירט —
ליבע אין האַרץ, וואָס טוט שלאָגן —
צום בוים ביי דיין פענצטער מיך פירט.

איך רעד צו דעם בוים ביי דיין פענצטער,
ער הערט און פֿאַרנעמט מיינע רייד
אייביק מיט דיר, אויך דער נענטסטער -
פֿאַר׳יתומ׳ט אָט דאָרט איצטער שטייט...

# באַקאַנטע אַלייען

איך שפּאַן אויף באַקאַנטע אַלייען —
אויף שטעגן, וואָס דו האָסט באַטראָטן —
צוזאַמען מיר ביידע דאָרט גייען —
איך זע דיינע פוסטריט אין שאָטן.

פנימער יונגע און אַלטע —
דאָס לעבן דער גורל פאַרלענגערט —
יוגנט און זוניק צעשטראַלטע,
און פרויען מיט לעבן פאַרשווענגערט.

און קינדערלעך שעלמיש זיך שפּילן,
דיין נחת, דיין מוזע, דיין ליבע —
פאַרוואָס אַזאַ צער, אַזאַ פילן?
מיר ביידע בלויז וויסן די סיבה —

איך שפּאַן אויף באַקאַנטע אַלייען -
די ביימער באַגלייטן אונז ביידן
צוזאַמען, צוזאַמען מיר גייען
מיר קענען זיך קיינמאָל ניט שיידן.



צוויי שכנות

סקולפּטור ביי ראָזא-ניומאַן וואלינסקי

# דאָס בעט אין דיין צימער

ווינקל דער צימער — די פענצטער פאַרהאָנגען,
דאָס בעט נאָך באַהאַלט אַלע סודות.
געשטאָרבן מיט דיר זיינען אַלע פאַרלאַנגען —
נאָר איך בין דער שטומיגער עדות!

שלאָפסטו אין בעט, כאָטש דאָס בעט איז פאַרבעט —
שלאָפסט, ווי אַ מלכה געקריינטע —
שבת און יום טוב, און טעג פון דער וואָך —
אין יזכור — מיר זיינען פאַרוויינטע.

דאָס בעט אין דיין צימער — אַ קרוין מאָנומענט —
מצבות פון שטיין זיינען קאַלטע;
לויכט אויף מאַיעסטעטיש דיין ליכטיק געשטאַלט —
דיין פנים דאָס געטלעך צעשטראַלטע.

# מיט דיר

מיט דיר די אויגן מאַך איך צו,
און שלאָף מיט דיר פאַרוויגט!
עפן איך די אויגן אויף —
פון דיר, פון דיר אַנטציקט!

זיץ איך מיט דיין פּען אין האַנט —
קומט צו מיר דיין וואָרט,
טינט און ליים און טרער און טרוים —
פאַראייביקן דאָס אָרט!

ווייט פון אויג, צום האַרצן נענטער —
בענקשאַפט, ביטערט, באַנגט!
שפּעט אין נאַכט, דער שלאָף פאַרשלומערט —
אַ לעצטער שטערן צאַנקט.

# אין די פאַלדן פון די וואָלקנס

אין די פאַלדן פון די וואָלקנס,
שימערט נאָך דיין קלייד —
אויף דיין ווייסער זייד פון פנים,
דער זוים פון זון פאַרגייט.

פאַלט די זון אין ים אַרונטער,
ווערט רויטלעך הימל ראַנד: —
כישופ'ט אָוונט־שטערן צונטער,
ווי דיין ליבע האַנט!

אין די פאַלדן פון די וואָלקנס,
שאָטנט דיין געזיכט;
הענגט דיין שמייכל אין די הויכן,
ווי פרימאָרגן ליכט.

פון קאַיאַר ביז שפּעט אין אָוונט,
פון ביינאַכט ביז אינדערפרי —
הער איך דיך אין פליגל־פלאַטער:
אַ טויב אין שטילן פלי!

# ווײ און וואויל

ווײ דעם מקונן מיט שלעסער אויף ליפּן —
די טרערן פאַרשטיקטע פאַרריגלט!
וואויל איז דעם ווײנער, מיט צער אויפן שטערן —
ווײטיק און אַנגסט אָפּגעשפּיגלט!

ווײ דעם מקונן, געפינצטערט אין זונען,
געבײטשט ווי מיט אײזערנע ריטער;
וואויל איז דעם קלאָגער וואָס קען זיך באַפרײען
אין גרוי־טאָג פון פּחד און ציטער.

ווײ דעם מקונן, וואָס הײליקט די וואונדן,
ווי איוב געבראַנדיקט, געבלוטיקט;
וואויל איז דעם בעטלער, וואָס פון האַנט פול רחמנות,
ווערט ער געטרײסט און געמוטיקט.

ווײ דעם מקונן מיט שלעסער אויף ליפּן,
טרערן פאַרזיגלט אין תפיסה;
וואויל איז דעם אבל אין שווים פון אבלים,
אין דעמער פון אויסלאָז און גסיסה.

# דיין גאַנג

דיין פּערל־טרער געבליבן הענגען,
איז אויף די ווייעס פון מיין אויג —
וועל איך אָפּהיטן און ברייגנגען
דיר, מיין ליבע, אין פאַרנייג.

דיין גרויער צער אָנגעקליידט האָט,
מיין לייב, מיין לעבן און געמיט;
לינדערט טרויער־טרער דעם אָבל,
ווי אַ שורה פון דיין ליד.

דיין טיפער קרעכץ געבליבן קלאָגן
איז אויף די רגע׳ס פון פאַרגיי —
אַ פאַרביינקטע טוסטו זאָגען:
„כ׳גיי אין אייביקייט — איך גיי!"

# ביי מאַמעס

ביי מאַמעס — אַלע קינדער זיס,
דיינע — זיסער נאָך און ליבער;
ווי דו וואָלסט איצטער זיי געקושט —
ליגסטו הילפלאָז און אין פיבער.

דיינע קינדער — אויג פון קאָפּ
און די אייניקלעך — דאָס לעבען, –
ווי דו וואָלסט איצטער זיי געהאַלדזט —
שוועבט דער טויט ביי דיר דערנעבען!

מאַמעס שפּרודלן טיפע ליבע —
דיינע טויכט נאָך טיפער, ליבער;
ווי אַ טייך אין אָנהויב פרילינג,
גיסט זיך איבער ברעג אַריבער...



אַ היימישער שדכן

סקולפּטור ביי ראָזאַ-ניימאַן יואַרינסקי

# דעמער־דמיונות

שטילער, פאַר׳חלומ׳טער אָוונט,
שטילט איין דעם רויש פון דעם טאָג ;
אָנזאָג — די נאַכט איז שוין נאָענט —
איבער די רוימען זיך טראָגט !

אָוונט — דער הימל פאַרנעפּלט,
נאַכט — פינגער טאַפּן דאָס האַרין —
ס׳האַרין איז אַ מידע, אַ קראַנקע —
ס׳האַרין אין אבילות איז שוואַרין.

אָוונט, עס טונקלען דמיונות.
וואָס האָט מיר דער גורל באַשערט ?
עס שרעקן די שעה׳ן — די לעצטע,
כאָטש לעבן האָט מער ניט קיין ווערט !

אָוונט זיך שפּילט מיטן לעבן ;
שמייכל אויף פּנים איז קאַלט —
אָוונט־ליכט רעגט מיט בטחון —
דער מאָרגן וועט קומען צעשטראַלט !

דעמער — דער עמער פון חושך,
לעשט אויס אין צאַנקען דעם קנויט —
דעמער — דער נאַכטיגער עמער
פליוכעט מיט בשורות פון טויט !

# דאָ, און דאָרטן

איך בין דאָ, און דו ביסט דאָרטן,
וואו איז דאָרטן, נאָר איך פרעג ?
ביסטו אין גן עדן גאָרטן,
צי ביסטו אַלין נאָך אויפן וועג ?

איך דאָ אונטן — דו דאָרט אויבן —
דאָך מיט מיר דאָ נאַכט און טאָג !
ווילט זיך האָפן, ווילט זיך גלויבן,
אַז דו זעסט איצט מיין געקלאָג !

מיינע אויגן — טרערן־לאָגלען
דיינע רעגענבויגן פאַרבט ;
שרעקט דער טאָל פון טויט און וואָגלען ?
לעבט מען ווידער, ווען מען שטאַרבט ?

ביסטו דאָרט מיט טאַטע,מאַמע,
און געלייטזעליגט, דערלייזט ?
כ׳ווייס דו ביסט מיט מיר צוזאַמען
כ׳פיל דיין ליבע, כ׳הער דיין טרייסט !

# שבת מיט דיר אין שול

אָפּגלאַנץ פון ליכט אויף די שויבן,
שול איז אין שבת געהילט;
אין תפילה, אין תשובה דערהויבן —
צער אין מיין האַרצן געשטילט.

אין קדיש געהייליקט דיין זכר,
מיין מלכה אין אייביקן שלאָף;
יאָמער, חרטה — מיין בעכער —
איך בויג איין מיין קאָפּ פאַר דער שטראָף!

ליכטער און לייכטער מנורות;
איינזאַם און ליידיק דיין באַנק —
טויט — איז דער גזר פון די גזירות:
עס פאַלט פאַר דעם שניטער די זאַנג!

שבת, געשלייערט אין קדושה;
יום טוב פון ווייט־ווייטן לאַנד —
איך טראָג אין מיין האַרץ דיין ירושה:
דאָס הייליקע ווערק פון דיין האַנט! —

לידער פון האַרץ און נשמה;
לידער פון פייער אין גלות —
אין אייביקן שבת — נחמה —
רוסטו, ווי גאָט נאָך באַשאַף האָט גערוט.

# ס׳רעגנט אויף מיר מיט זכרונות

ס׳רעגנט אויף מיר מיט זכרונות:
דאָס שלעכטע געדיינקט זיך, טוט וויי!
דאָס גוטע — פאַרווישט פון זכרון,
צעשמאָלצן, צעוואַסערט ווי שניי...

די ווערטער, די בייזע פון ליפּן,
זיי ברענען צעבראַנדיקט אין האַרץ;
ס׳מבולט אויף מיר מיט פאַרדרוסן —
די וואונדן אַנטבלויזט און צעשטאַרצט.

זוך איך אַ זוניקן הימל,
לויף איך פון נעפּל און בראָך;
לויף איך און קען ניט אַנטלויפן —
די כמאַרעס — זיי יאָגן מיך נאָך.

# דו האָסט מיך ליב געקראָגן

דו האָסט מיך ליב געקראָגן!
און אויף גרויע גאַסען,
פון לאָנדאָנער קוואַרטאַלן
און טומאַנע הימלען —
האָט אַרויסגעהעלט דיין ליבע,
ווי פון קנאָספּן — די רויז!

דו האָסט מיך ליב געקראָגן,
כאָטש מיין גאַרניטער אָפּגעטראָגן,
און דאָס העמד און שוויס גענעצט,
און די שיך פאַרשטויבט —
נאָר דו האָסט מיך געגלויבט,
פאַר מאַמע און משפחה,
ווי איך וואָלט אַ מלך זיין.

ווייל ענדלאָז ווי דער ים דיין ליבע —
האָסטו פאַרקוקט מיינע חסרונות,
ווי אַ טרייע מאַמע!
און פאַר מיר אַ לעבנלאַנג דיין פרייד
און פאַר מיר דיין תפילה!
ביז דו ביסט איינגעשלאָפן,
דעם אייביקן שלאָף,
מיט הכנעה און באַשייד.

# אויף לאָנדאָן בריק

לאָנדאָן בריק און אייזן-שטריק,
טויזנטער לאַמטערן;
דיינע שיינע, שוואַרצע צעפּ
כישופן, באַשווערן.

שיפן זעגלען נאָענט און ווייט
איבער זיבן ימען:
אָוונט-שטערן אויף דיין קלייד —
צינדט און בינדט צוזאַמען.

און די פליגלען פון דער בריק,
ביזן הימל גרייכן —
מיר געאָרעמטע — נאָך זיי,
פליען אין די הייכן.

שיכורע פון פרייד און לוסט,
ברענט אין בלוט אַ שייטער;
אַ חופּה ווערט די שטאַנגען-בריק
און מיר פליען ווייטער.

פּלוצים און דער בריק זיך שפּאַלט,
לאָנדאָן נעפּל גרויער —
בין איך פון דיר אָפּגעשיידט —
אָבל איך און טרויער!

# גאָלדיק קינדער וועגעלע *

גאָלדיק קינדער וועגעלע,
שאַף פון פינגער אייגענע,
ליב מיר יעדער שטעגעלע —
ווייטע טעג פאַרפלויגענע.

קולבעלעך העל־קלינגענדע,
קינדערלעך צעהוליעטע.
ליד אויף ליפן זינגענדע,
מאַמע צוגעטוליעטע.

מאַמע־פּרוכטיק, צווייגנדיק,
זיידן פאָדעם שפּינענדיק,
עניוות׳דיק און שווייגנדיק,
פרייד און גליק געפינענדיק.

לאָנדאָן הימלען גרויאיקע
און אַ דאָליע שווערינקע —
מיניעט די פאַרטרויאיקע —
גליקליכע אַמעריקע.

פרישע ערד הבטחה׳דיק,
נייע הימלען העליקע —
מאַמע ליב־הצלחה׳דיק
אויף פאַרנאַס אַ זעליקע.

גאָלדיק קינדער וועגעלע,
שאַף פון פינגער אייגענע,
ליב מיר יעדער שטעגעלע —
ווייטע טעג פאַרפלויגענע.

*) געאַרבעט ביי קינדער וועגעלעך אין לאָנדאָן, ענגלאַנד. אַליין אויסגעפלאָכטן מיט מיינע פינגער די וועגעלעך פאַר מיינע קינדער.

# נײ יאָר 1954

אַנדערש דער קלאַנג פֿון די גלאָקן,
אַנדערש פֿון ווײַן איז דער טעם —
פּלוצים, כ׳דערפֿיל, כ׳בין אַ זקן:
אײנזאַמקײט — ביטערט ווי סם.

אַנדערש די נאַכט פֿון פּאַראַדען,
אַ פֿרײלעכעס מיך פֿרײלעכט ניט מער!
אַקאָרדן פֿון דײַנע באַלאַדן,
באַגלײטן אַ טרער נאָך אַ טרער.

נײ־יאָר געזאַנג און געלעכטער,
שימערט אויף גרויס און אויף קלײן –
און איך בין אַ שטומיקער וועכטער —
שלײַך נאָך דײַן שאָטן און ווײן.

טויזענטער פֿידלען צעשפּילן
לידער פֿון לעבן און לוסט —
גלעזער שאַמפּאַניער ניט קילען,
דעם פֿײער וואָס ברענט אין מײַן ברוסט.

בענקט ניט די נאַכט נאָך אַ שטערן?
בענקט ניט אַ מאַמע נאָך קינד?
פּונקט אַזוי שטאַרק מײַן באַגערן
מײַן ליבסטע נאָך דיר איז אַצינד!

נײ יאָר — דאָס אַלטע פֿאַרגאַנגען;
נײ יאָר — נײ־פֿײער צעהעלט!
פֿרעמד מיר די ליבע־פֿאַרלאַנגען,
ווען ליבע פֿאַרפֿלײצט איצט אַ וועלט!

נײ יאָר — פּאַפּירענע מאַסקעס,
פֿון סטענגעס קאָלירטע — אַ טשאַד!
פֿאַלש די נײ־יאָריקע לאַסקעס
אָן דיר בין איך הײַנט נע־ונד!

# שבת ליכט

און איז דער טאָג פאַרשוואונדן,
און בייזע נאַכט האָט אויפגעבונדן
דיינע וואונדן
— און אַנטבלויזט דיין בראָך
האָסטו שבת־ליכט געצונדן,
שדים, שאָטנס צו פאַריאָגן
און אַ תפילה פלעגסטו זאָגן:
איך דאַנק דיר, גרויסער גאָט,
פאַר דיין חסד און גענאָד
און פאַר יעדן טאָג אין וואָך.

און האָט דער אָסיען
בלעטער פון דיין בוים ביים פענצטער,
רגזה׳דיק פאַרוועלקט;
און אַז דיין שווערער גורל האָט
— געצערט דיין צאַרטן גוף
האָסטו אויפגעהעלט אין אָנגעזיכט
פון דיינע שבת ליכט.
— און פאַרפוצט דיין שטוב מיט בלומען
געבעטן: גאָט, זאָל נאָך אַ פרילינג קומען!

היינט — די זילבער־לייכטער לער,
— די שבת־ליכט פאַר׳אָבלט
— דיין לעבנס בוך — פאַרטרערט
און מיין הארין — פאַרטאָוולט!

# אויפן בית עולם

אַנגעזויגן זיך, אָנגעהערט זיך,
אָנגעליטן, אָנגעהוליעט;
אין יסורים איינגעטרערט זיך —
האַרץ צו אייביקייט געטוליעט.

שטילער לעבן אויף בית עולם,
שטילט מיין פחד און אַליינקייט —
דיין מצבה — קרוין צוקאָפּענס —
שטראַלט מיט אָפּשיין פון דיין שיינקייט.

# די שענסטע סטאַטוע

מצבות, מצבות, מצבות:
צייכנס פון זיין און געדענקען —
שטעל איך נאָך דיר אַ מצבה —
אַ צייכן פון ליבע און בענקען.

איך שטעל דיר מיין האַרץ ווי אַ דענקמאָל —
אַ האַרץ אַ געטרייע, אַ טריבע -
ווייל שענער ווי אַלע סטאַטועז:
איז אַ האַרץ פול מיט אייביקער ליבע!



אַ דיכטער

סקולפּטור ביי ראָזא-ניומאַן וואָלינסקי

# אויך די מתים וויינען

ווען הערצער ווינען שטיינער,
איז אויך מצבה־שטיין!
נאָר שפּרודלט האַרץ מיט ליבשאַפט;
איז מצבה — קרוין!

מצבות קרוינען יחוס;
וויג און וועג און שטאַם —
שיינע נעמען, אותיות,
צינדן זיך מיט פלאַם.

מעשים טובים לויכטן
אין פענצטער פון דער נאַכט —
שלעכטע מעשים ווערן
פון געטער אויסגעלאַכט.

ווען הערצער ווינען שטיינער —
איז אויך מצבה — שטיין —
און די מתים וויינען
באַשווערטע מיט געוויין.

# זיבן טעג און זיבן נעכט

זיבן טעג און זיבן נעכט
האָט געברענט דאָס אבל־ליכטל,
ביז דער קנויט האָט אויסגעפלעמט
לעצטן צאַנק פון טראָפן חלב
אינעם גלאָז פון צער!

אַזוי פלעמל איך און ווימל,
אין געמויזאכין פון געטומל,
ביז איך וועל אַזוי דאָ אַויסגיין
ווי אַ נאַר!

מזרח, מערב, צפון, דרום,
אפּגעריכט אזוי פיל סדרים,
אָנגעלערנט אין די ספרים,
וואָס מיין שכר?
פינף יאָר צענדליק אָנגעקהל'ט זיך,
האַלב יאָרהונדערט אָפּגעמאָלט זיך
און אין לעצטקייט אַזאַ צער!

גאָט אין הימל, אָ, ווי גערן,
איך וואָלט מיט מיינע לעצטע טרערן
אויסגערייניקט אַלע פלעקן
פון מיין נעכטיקן גענאַר.

וויים איך, וויים איך שפּעט די שעה שוין,
וואָס געווען איז מער ניטאָ שוין!
וויפיל מאָל נאָך זיבענס־זיבען,
איז סך־הכול מיר פאַרבליבען
פון מיין לעבענס זשאַר?

# דיין ליד אויף דער מצבה

כ׳האָב איינגעקריצט דיין ליד אויף דער מצבה,
דיין ערלעך ליד פאַר לאַנגע ווייטע יאָרן —
מיט דורות שפּעטערע, אויב ס׳וועט דיין ליד פאַרגעסן ווערן
וועלן שטומע שטיינער האָבן אַ בעסערן זכרון!

האָסט דיין ליד געאַנט פאַר לויטערע נשמות;
האָסט ליבע מיט אמת פאַר׳זיווג׳ט אין דיין איידל וואָרט —
וועט דיין אבל־שטיין מאָנען אין דערמאָנען,
פאַר זויבערער נשמה אַ בכבודיקן אָרט!

און וועט דיין פלייש און ביין דיין ליד פאַרשווייגן,
דיין אידיש וואָרט אין אַנגסט געבוירן און אין צער —
וועט אומבאַרירט פון צייט — פאַרבלייבן ריין און הייליק,
דיין ערלעך וואָרט — צעפלאַמט אין פייערלעכן זשאַר!

כ׳האָב אויסגעקריצט דיין ליד אויף דער מצבה –
דיין ליד — אַ דיינקמאָל פאַר לאַנגע, ווייטע יאָרן —
מיט דורות שפּעטערע, אויב ס׳וועט דיין ליד פאַרגעסן ווערן
וועלן שטומע שטיינער האָבן אַ בעסערן זכרון.

# פֿאַרגעסן, פֿאַרגעסן

דיין געבוירנטאָג פֿאַרגעסן,
ניט געדענקט און ניט געדאַכט ;
אין טאָג פֿון יום טוב מיין פּרינצעסן,
דיר קיין בלומען ניט געבראַכט !

און דיין חופּה-טאָג פֿון כּבוד,
ניט דערמאָנט און ניט געהערט ;
פֿון דער פֿרי ביז שפּעט אין אָוונט —
דיר קיין פֿייערטאָג באַשערט !

און דיין לעבן גרוי און גרויער,
ס'ווערט מיט גרוי דיין קאָפּ באַדעקט —
אונטער הימלען בלוי און בלויער —
זע : אַ קינסטלער זיך אַנפּלעקט !

בילדער-ליכטער פֿון חזיון —
זע, דעם נס פֿון "טינט" און "לײַם"—
טעג און נעכט — דיר קורצע שעהן :
אַ מוזעאום אין דיין היים !

# חרטה און תשובה

דיין גליק אין מיין האַנט איז געלעגן,
און איך האָב פאַרשלאָסן מיין האַנט;
דיין וואָרט איז געווען אַ פאַרמעגן,
און איך אַזוי טויב ווי די וואַנט.

דיין גליק אויף מיין צונג איז געלעגן,
געלייטמט איז געווען מיין צונג;
געזוכט מיך אויף אַלערליי וועגן
און איך — ווי אַ הירש אין געשפרונג.

דיין גליק אין מיין קוש איז געלעגן
און איך מיט אַ קוש אַזוי קאַרג;
פאַרפעלט דיר צו קומען אַנטקעגן —
באַרוישט פון געטומל אין מאַרק.

דיין גליק אין מיין אויג איז געלעגן,
מיין אויג איז געווען אַזוי בלינד;
נאָר איצטער אין לעצטן געזעגן —
כ'טו תשובה — פאַרגיב מיר די זינד.

# אָוונט שטערן

אָוונט-שטערן, איינזאַמער,
הימלען אָנגעצונדן
לעבנס-פריינד געמיינזאַמער —
לינדער מיינע וואונדן.

אָוונט-שטערן, געטליכער,
פינקל מיט באַגערן —
קום ניט אַ פאַרשפּעטיקטער —
אָפּווישן די טרערן.

אָוונט-שטערן, פריידיקער,
טעג אין צער פאַרגייען ;
זיי צו מיר גענעדיקער,
טו מיין האַרץ דערפרייען.

אָוונט-שטערן, ליכטיקער,
שיק מיר בשורות טובות,
איך בין שוין גענוג געשטראָפט —
אין לייד באַצאָלט די חובות !

## אין דיין וועלט פון „טינט און ליים“

דיין וועלט פון „טינט“,
דיין וועלט פון „ליים“,
און ביי דער שוועל
דיין גרינער בוים.

אַ צייבער דאַך,
אַ קאַלטער דיל —
אַ וויין, אַ לאַך —
אַ לעצטער שפּיל!

דער רעגן פרעגט:
ס'איז שווער דיר, שווער?
און וויינט און וויינט,
אַלץ מער און מער.

און יעדער טראָפּ,
פּילט אָן מיין כוס —
איך פרעג ניט מער,
פאַר וואָס? פאַר וואָס?

# דער סוד פון אַלע סודות

איז דער סוד פון אַלע סודות — לעבן ?
איז דער סוד פון אַלע סודות — טויט ?
איז דער סוד פון אַלע סודות — ליבע ?
אָדער גאָר דער בייזער ווינט, וואָס ווייעט ?

האַלט דער ים אין אָפּגרונט אַלע סודות ?
איז דער מילך־וועג, גאָר דער גרעסטער סוד ?
טראָגט אין ברוסט אַ מאַמע טיפסטע סודות ?
איז דער סוד פון אַלע סודות — גאָט ?

איז דער סוד פון סודות — רעגענבויגן,
אָדער גאָר דער שטויב, וואָס אונז פאַרצערט ?
זיינען אַלע סודות אין די הימלען,
איז דער מענש דער סוד אויף אונזער ערד ?

ווי דער בורא האָט דאָך אויסגעקנאָטן,
מענטשן לעבעדיגע אויף דער ערד פון ליים —
זיינען די סקולפּטורן דיינע עדות,
פון די אַלע סודות אין דיין היים !



די אייביקע פרוי

סקולפּטור ביי ראָזא-ניומאַן וואַלינסקי

# ווי אַ טויב

דיין נאָמען ביי מיר אויף די ליפּן,
ליפּן פאַרגליווערט אין פראָסט —
דיינע סקולפּטורן און טיפן
וואָגלען, פאַריתומט, פאַרלאָזט.

נאַכט, ווען די שאָטנס מיך שרעקן,
נאַכט, ווען דער שלאָף מיך באַפאַלט,
בילדער, ווי וועכטער מיך וועקן:
אָן דיר איז זיי פרעמד דאָ און קאַלט.

קומסטו אין שטוב זיי צו טרייסטן,
דיין בלוי־ליכט צעשטראַלט באַלד די ווענט —
זע איך מיט אויגן פאַרגלייזטע
דיין גלעטן דאָס ליים מיט די הענט.

לעבן אויף טויטע פיגורן,
און ליים — אַ נשמה באַקומט —
איך הער אין די נאַכטיקע שפּורן
דיין קול, וואָס דער טויט האָט פאַרשטומט!

דיין נאָמען ביי מיר אויף די ליפּן,
ליפּן פאַרקלעמטע אין פראָסט:
טוסט ווידער מיין לעבן פאַרקניפּן —
מיין לעבן, וואָס דו האָסט פאַרלאָזט.

געטולייעט דעם קאָפּ אין מיין קישן,
גלעט איך „דיין ליים" און דיין שטויב;
קומסט ווידער די טרערן מיר ווישן —
קומסט שטיל, ווי אַ שטילינקע טויב.

# טרוים פון „טינט און ליים“

ווי אויף פליגל פון אָדלער געטראָגן,
ביסטו פון אונז פאַרשוואונדן,
הינטער הימעל־ראַנד.
דאָך, ווי דער מדבר דאָרן,
פלאַמט אין אויג דיין אָרון,
מנורה׳דיק צעצונדן —
אין אַ כישוף לאַנד.

די זעלבע לעצטע שורה:
געבראַכט דיין גוף צו קבורה —
ערד — די טיר און שלעסער
פּרוכת — גרינער גראָז.

פלוצים שטראַלט אַ שטערן —
אַ שטערן אויף דיין שטערן:
איך זע דיך ווי אַ מלכה,
אין אַ צויבער שלאָס.
ווי אויף וואָר צעהאנגען —
די בילדער דיינע הענגען
אויף ווענט פון שלאָס און צויבער,
ווי תמיד אין דיין היים.

עפן איך די אויגן -
ביסטו ווייט פאַרפלויגן,
לאָזט איין טרייסט מיר איבער,
דיין פרייד פון „טינט און ליים״.

# פון דער טיפעניש

איך ווייס ניט ווי טיף איז דער ים,
מען זאָגט, אַז דער ים האָט אַ גרונט;
איך ווייס, אַז אַ בוים האָט אַ שטאַם —
טיף איז זיין וואָרצל אין בונד.

טיף אין מיין האַרץ איז אַ וואונד,
די וואונד איז נאָך טיפער ווי טיף —
נידער איך טיפער צום גרונט —
זוך דיין באַריר אין דער טיף.

רוף איך דיך, זוך אין דער טיף,
מיין גוף איז מיט דיר אין דער טיף,
לעב איך מיט דיר אין דער טיף,
זעליש מיט דיר אין דער טיף.

# אונזאָרען און זאַמד

מענטשן און קינדער אויף זעמדער פון ים —
דער הימל — צעזוניקטע ווייטן!
פּוכענע קישנס — די זעמדער פון ים —
כ'צעלייג זיך אין זאַמד אַ באַנייטער.

זעמדעלעך — זמר'לעך זינגט מיר דער ים,
קעפּיקע כוואַליעס אין שוימען —
לעשן אין האַרצן דעם ביטערן סם
און וועקן אַמאָליקע טרוימען.

פרײדיקער פרילינג פאַרזייט אינעם זאַמד,
טויזענטער טענער און קלאַנגען —
איך הער נאָך דיין ליד אין די זעמדער פון ים —
אַקאָרדן פון דיינע געזאַנגען.

פאַרגאַנגען די זון און צעשטורעמט דער ים,
די זעמדער אין ווינט ווייט צעשאָטן —
געבליבן אונזאָרען אויף זעמדער פון ים —
דיין אָפּבילד אין פוס־טריט פון שאָטן.

# און דער טעם פון לידער

אייגן דיר דער האָדסאָן טייך,
און די טשאַטעס טויבן —
זינגט דער רעגן אין דיין האַרץ,
קלינגט אין דיינע שויבן.

אייגן דיר דער זוים פון זון
און די וואָלקן־פאַרבן;
אייגן דיר דער שטערן־וועג —
ווי אין פעלד די גאַרבן.

אייגן דיר דער ווייטער ים,
און די וועלן־שוימען;
אייגן דיר דאָס שטילע גראָז
און די שטילע טרוימען.

אייגן דיר דאָס מאָרגן־ליכט
און דער אָוונט־שטערן;
אייגן דיר דער גאָרטן־בייט,
וואו די זייסט מיט טרערן.

אייגן דיר דער שמעטערלינג
און די בין, וואָס זשומעט;
אייגן דיר די פרילינג־פרייד
און פון האַרבסט דער אומעט.

אייגן דיר דער וואַסערפאַל,
וואָס שוימט און פאַלט אין נידער;
אייגן דיר דער רעגנבויגן
און דער טעם פון לידער.

# באַרג אַראָפּ

זיבן טעג און וואָך
העלפסטו מיר מיין צער פאַרשליסן
מיט זיבן שלעסער.
און זיבן מאָס טרייסט
באַגלייטן יעדן שלאָס.
נאָר מיין צער וואַקסט און וואַקסט און וואַקסט —
און פאַרוואַנדלט אַלע שלעסער
אין שפּינוועבס.

איצט ווייס איך שוין דעם טעם פון לעצטקייט;
און ווייס די בלינדע נאַכט האָט איגן
און אָנגעשפּיצטע אויערן,
איינגעוועבט אין טויבע ווענט.
און די שלעסער אויף די שפּאַלטן
פון מיין האַרצן —
זיינען לופט־שלעסער, לופט־שלעסער.

איז דער שמייכל אויף מיין פּנים —
פאַרשטעלטער צער.
און מיין קוש אויף פרעמדע ליפּן —
פראָסטיקער אָטעם.
קייקלט זיך מיין גוף ווי קערנדלעך שניי
פון אַ זאַווערוכע געטראָגן
באַרג אַראָפּ, באַרג אַראָפּ —
דאָס קום איך אָפּ
פאַר מיינע זינד!

# אונטער גרינעם בוים

אונטער גרינעם בוים ביים האָדסאָן,
איז די נאַכט נאָך גרינער;
ביי דעם גרינעם זוים פון הימל —
גרינע וואָלקנס דינער.

גרינע שטערן־עמעראַלדן,
לויכטן איבער שיפן;
גרינע כוואַליעס ברענגען גרוסן
פון די טיפסטע טיפן.

גרינע שאָטנס אויף די שטיינער
ביי די פּאַליסאַדן;
הויכע פעלדזן אין די ווייטן,
לאָקן מיך און לאַדן.

אונטער גרינעם בוים ביים האָדסאָן
וועגען מיר געזעסן —
אין אַ גרינער שיף אין הימל
זעגלט מיין פּרינצעסן.

# צום ים

ים, דו ביזט קיינמאָל ניט איינזאַם,
אין אייביקן ברויז בלייבסטו יונג:
פון אָנהויב ביז סוף פון די וועלטן —
ברויזסטו אין אייביקן שוואונג!

די שיפן די שווערסטע אויף פלייצעס —
טראָגסטו ווי זעמדלעך אין רוים:
דאָס שאַלן און רעווען פון קוימנס —
דערטרינקסטו אין עכאָס פון שוים!

מיין איינזאַמער וועג פירט מיך תמיד
כ׳זאָל קומען צו דיר מיט פאַרגאַף:
ווייל פון אָנהויב ביז סוף פון די וועלטן —
רוישט דיין ליד מיט בראשית-באַשאַף!

צייט — האָט אויף דיר נישט קיין שליטה,
אייביק פאַר דיר מיינט אַ שעה!
מיין גורל דער גורל פון מענטשן:
געלעבט און געווען און נישטאָ!...

# תשעה באָב

תשעה באב — דער טאָג פון קלאָג,
דער טאָג פון צער און צאָרן —
גורל'ט מיין געבוירנטאָג,
אין יאָרן אָפּגעפאָרן.

איך טראָג ניט אויף מיין קאָפּ קיין זאַק,
ניט טונק אין אַש מיין ביסן —
דאָך שווער מיין דאָליע, שווער מיין פּאַק:
פון דיר צעשיידט זיין, אָפּגעריסן!

איכה, איכה כ'זיין פאַרטראַכט,
הורבנ'ט לייב און אָבל'ט זעל:
שלייכט אין הושך זיך די נאַכט
און גיט מיין יעדן טראָט באַפעל!

טרער איך ניט אויף טויטע טעג
און איך זוך ניט: זיך פון נעכטן —
איך זוך מיין מאָרגן אויף דיין וועג —
בלויז דעם מאָרגן מיר באַשערטן.

# געלע בלעטער — שטערן אויסגעלאָשענע

פאַלן געלע בלעטער שווינדזוכט־קראַנקע,
אויף אַ קאַלטן אַספאַלט־שטיין;
אָבל'ען צווייגן נאַקעטע — בלאַנקע
אינעם האַרבסטיקן פאַרגיין.

טאָפּטשען שיך אויף בלעטער קברים,
איכה קלאָגט פאַרלאָזטער בוים;
טיף אין האַרצן נאָגט אַ וואָרעם,
אַלץ פאַרגייט ווי כוואַליע שוים.

אָסיען צייט ברענגט טויט פאַר צוויטן,
אַלץ וואָס גרין איז, ווערט פאַרדאַרבט;
באַרג אַראָפּ מיך טראָגט אַ שליטן
און אַ לעצטער שטערן שטאַרבט!



אַ ישיבה בחור

סקולפּטור ביי ראָזא-ניומאַן וואלינסקי

# צו די ברעגן מיסטעריעזע

צו די ברעגן מיסטעריעזע,
טראָגט אין ווייטן זיך מיין שיף —
וואָס געוועזן איז געוועזן —
אַלין פאַרזונקען אין דער טיף.

אַלע סודות הינטער שלעסער,
אין מיין האַרצן איך פאַרשלים —
ס׳לאָזן נעכטנס ניט פאַרגעסן —
באָכן טרערן — איך פאַרגים!

כ׳פלי אין דמיון צו דיין היכל
און איך זוך פאַר מיר אַ זכות —
נעמסט מיך אויף מיט ליבן שמייכל,
פול מחילה — שטאָט פאַרדרוס!

# ליידן

ליידן לויטערן,
זויבערן נשמה —
נענטערן, ווייטערן,
ברענגען נחמה!

ליידן דערהויבן,
הויך און נאָך העכער!
אין ליבע, אין גלויבן:
צעשוימטער דער בעכער!

ליידן ווי שטראָמען,
שלאָגלען, פאַרפלייצן —
דיין אָנדענק און נאָמען
אין האַרצן זיך קרייצן!

ליידן דערלייזן,
וואויל די דערלייזטע!
אין טעג, אין די בייזע —
ווײ די געטרייסטע!

## דאָס געוויין פון יאָרן פאַרשעמטע

פוסטריט אויף בלעטער פאַרגעלטע,
אין האַרבסטיקע ווייען צעשויבטע —
זכרונות פון יוגנט צעהעלטע,
נאָך רוישן פון פרילינג באַטויבטע.

בלעטער אין אומעט־קאָלירטע,
ברענגען די פוס־טריט, די שווערע:
פון האַרבסטיקע ווינטן געפירטע —
די טעג מיינע פוסטע און לערע.

איך טרעט איצט אויף בלעטער פאַרגעלטע,
פאַרוואָרלאָזט — דאָס האַרץ אַ פאַרקלעמטע —
די יוגנט־זכרונות צעהעלטע —
זיי ווייען און וועלקן פאַרשעמטע!

# לאַכט דער שטן

כ׳האָב פאַרגעסן ווי צו לאַכן,
אין די גרויע, סומנע טעג —
און איך בלאָנדזשע אויף די שליאַכן
און איך זוך צו דיר אַ וועג.

און מיין שמייכל איז פאַרשוואונדן,
ווי די זון פון טאָג פאַרשווינדט —
מיינע וואונדן אויסגעבונדן:
כ׳בין פאַרלוירן ווי אַ קינד.

כ׳האָב פאַרגעסן אַלע לידער,
ווי זיי קיינמאָל ניט געקענט —
און די לוסט אין מיינע גלידער,
ווי אַ דאָרן אויסגעברענט!

שבת, יום־טוב, שמחת תורה,
וואָכיג ווי סוף־חודש נאַכט, —
און עס וואַקסט מיין מורא שחורה —
און דער שטן לאַכט און לאַכט!



דער בעל החלומות

סקולפּטור פֿון ראָזא-ניימאַן וואָלינסקי

# מנוחה אין שלאָף

דו ביסט מיין אָוונט־שטערן אין דער נאַכט,
אין האַרצן טיף פון הימל איז דיין ליכט ;
דער שטערן איז דער קדיש נאָך אַ טאָג פון פראַכט,
און ווי דער שטערן רוט דיין צויבער אויף מיין געזיכט !

דער קעניג פון נאַכט־הימל, דעם חושך מיר פאַריאָגט,
אין זיין אַליינקייט איז זיין שיינקייט אינם רוים.
און ווען דער פחד פונם טויט צום האַרצן זיך דערטראָגט,
לויכט דיין פאַרטרויען העל מיר אין מיין טרוים.

טו זאָלן מתים־שאָטנס שטערן פריד —
אַ קאַלטער שטערן־שטראַל צעהעלט אַ פרייד :
מיטן אָוונט־שטערן עכאָט נאָך דיין ליד —
דיין ליד פון בלייען ליכט און יום־טוב קלייד.

אָוונט־שטערן ביסט דער שליסל פון געפּראַל,
בלינדע הערצער בענטשען דיר אין לויב !
כ׳גיי אין דעמער אויף דיין שליאַך צום אייביקן קוואַל,
וואו אַלצדינג קערט זיך אום צום סוף צו שטויב.

דער אָוונט שטערן איז קרוין אויף הימלס קאָפּ,
ביז ס׳קומט די נאַכט מיט סוד פון אייביקן סוף —
ווי הימל־מן פאַלט דיין קוש אויף מיר אַראָפּ
און כ׳האָב נישט מורא פאַר דער נאַכט און פאַרן שלאָף.

# דיין גבול אין די רוימען

איך פלי אין די רוימען צו הימלשע שלעסער,
אויף שטאָלענע פליגל געוויכערט;
עס לויערט דער טויט, נאָר די לופט־שיף פליט זיכער,
שניידט כמאַרעס מיט שאַרפן פון מעסער.

צום זיין־שטול געקייטלט, געהויבן אין ספערן,
אַריבער די בערג די שניי־ווייסע;
דער מילך־וועג — מיין ליכט־שנור אַ דרייסטער —
פירט מיך צו דיר — צו די שטערן!

הימלשע פרוכת צעבלענדט אינעם כישוף,
אין ווייטן אַ גאָלד־בלויער טורעם;
איך אייל צו דיין גבול דורך ווינט און דורך שטורעם —
איך פלי צו דיין אייביקן ישוב!

איך זע אינעם חלל — מלאכים־שטאַפּעטן;
וואָס נענטער צו דיר — אַלץ דערווייטערט
פון זינד מוז מען ווערן געלייטערט,
אין וועמענס זכות זאָל דעם גנאָד, איך אויסבעטן?

אַ פאַל פונם הימל — פאַרשטומט די מאָטאָרן —
די לופט־שיף אַהיים האָט געבראַכט מיך,
אַ חלום האָט ווידער גענאַרט מיך —
און דו נאָר פאַרבלייבסט אין זכרון!

# אייניקלעך

בילד אין שפּיטאָל אויף קאַמאַד,
מיט צוויי אייניקלעך — אויגן פון קאָפּ,
די אויגן אויף בילד שטראַלן אָפּ,
מיט שענסטער מתנה פון גאָט.

אייניקלעך — מיידעלעך צוויי —
בלוט פון דיין ווי זיינען זיי;
פּירות פון בליענדן בוים,
אויסברי פון ליבע און טרוים.

די אויגן זיי שעפּן פון גליק,
נאָר סע בלייבט נישט געזעטיקט דער בליק,
ווייל סע וואַרצלט אַ דור אין אַ דור —
און נאַכטיקן סוף — דער קאַיאָר.

אייניקלעך — זוניקער טאָג,
פון האָב און פון גוטס דיין פאַרמאָג —
בילד אין שפּיטאָל אויף קאַמאַד —
אייניקלעך — מתנה פון גאָט!

# דער זעלביקער צימער

דער זעלביקער צימער,
די זעלביקע סאָפּע —
און דו קומסט ווי אימער,
מיט אָדע און סטראָפּע.

דיין אָטעם אין פּלאַטער,
ווי ווינטל אין זומער —
אַ מידער, אַ מאַטער —
פאַרוויגט מיך דיין אומעט.

די נאַכט אַ פאַרקלערטע,
אין סודות פאַרזונקען,
מיט דיר מיין באַשערטע,
דעם כוס אויסגעטרונקען.

# בראשית אין אָנהויב, בראשית אין סוף

בראשית אין אָנהויב, בראשית אין סוף,
אין נאַכטיקן אויסלאָז באַגינען;
טרערן פאַרגאָסן אויף וואַך און אין שלאָף,
וועלן פון האַרץ מער ניט רינען!

בראשית אין חושך, בראשית אין ליכט —
פלאַקערט אַ דאָרן אין פייער;
אַ לייטער אין אָפּגרונט צום הימל דיך פירט:
אין ניי־לאַנד — אַ לעבן אַ נייער.

בראשית — איך צייל מיינע טעג פון צעשייד,
איך צייל מיינע נעכטיקע פריידן;
זיי בלענדן פאַר מיר ווי אַ גאָלדענע קייט,
און בינדן אויף אייביק אונדז ביידן!

# פון האַרצן צו האַרצן אַ בריק

פון האַרצן צו האַרצן אַ בריק,
אַ הימלעשע בריק אין די הייכן,
קאַפּיטלעך פון תהילים די בריק,
טוט מיין נשמה דיך גרייכן!

בלוי איז די הימלעשע בריק,
בלוי ווי אין יוגנט דער חלום,
טראָגט מיך מיין דמיון פאַרוויגט
אויף פליגל פון רו און פון שלום.

כישופט אין רוימען די בריק,
און נישטיקט די ערדישע בריקן,
בלוי ווי דער פויגל פון גליק,
פינקלט אַ גאָלדענער תיקון.

פון האַרצן צו האַרצן אַ בריק,
געטיגלט פון ליבע אין פלאַמען --
שלייכן מיר הין און צוריק: —
צוזאַמען, צוזאַמען, צוזאַמען!

# צוויי לבנות

קאַלטע, אַ קאַלטע לבנה,
אייזיקע צעפּ — דיינע שטראַלן;
שאָטן־געשפּענסטער באַגלייטן,
צאַנקענדע שטערן אין פאַלן!

ב׳געדענק פון אַמאָל אַ לבנה —
שטורעם פון פרייד און באַגערן;
טויזענטער זיסע חלומות,
האָבן געצונדן די שטערן.

פּראַסטיקט דאָס בלוט איצט אין טרויער —
אייזיקע קאַלטע לבנה,
„וועסט קיינמאָל פון פרייד שוין ניט וויסן" —
מורמלט די נאַכט מיר אין אויער.

# דיין מזוזה

דו האָסט געקושט דיין מזוזה,
וואָס דיך מיט דיין עבר פאַרבינדט ;
דו האָסט זי געטוליעט צום בוזעם,
אַזוי ווי אַ מאַמע אַ קינד.

די קושן די הייסע, די שטילע,
באַרירן די בלעכענע שייד ;
די קושן באַגלייט האָט דיין תפילה —
די תפילה פון לעבן און טויט.

דיין אויסגוס פון ריינער נשמה :
אין לעצטקייט — דיר גרינגערע טעג ;
געבעטן זיין הייליקן נאָמען —
רחמים און זוניקן וועג.

מאָנט און דערמאָנט די מזוזה :
דיין ליבע, דיין קוש און באַריר ;
רוט אויף מזוזה דיין מוזע —
לעבט נאָך דיין קוש אויף דער טיר.

# איך זע דיך

איך זע דיך אין קונסט גאַלערייען,
אין רייען פון מייסטער און שעפער;
אין יעקב׳ס געצעלטן — די שכינה —
אין טעמפלען פון קונסט — דער באַשעפער.

ווי שיין די מוזעאום געצעלטן,
ווי געטלעך די בילדער געשטאַלטן!
די מענטשן פון הימלעשע וועלטן —
אין ערדישע טעמפלען צעשטראַלטע.

איך זע דיך אין קונסט גאַלערייען,
באַצוואונגען, פאַרגאַפּט און באַשיידן,
איך שפּיר דיך, איך זע דיך, איך הער דיך —
די בילדער אָן ווערטער זיי ריידן.

## מיין שולמית

מיין שולמית — שטערן־אויגן,
מיין שולמית — צויבער־צעפּ;
אין איר שמייכל — רעגנבויגן,
אויף די ליפּן לויכט און שוועבט.

מיין שולמית — שיר השירים,
קיין מלך ניט געווען באַשערט —
טו איך איצטער זאָגן תהילים,
ווען פאַרדעקט ס'האָט זי די ערד.

## ס'איז שוין אַ יאָר

ס'איז שוין אַ יאָר ווי ביסט אַוועק,
מיט דער מערב־זון אין לויב —
און דיינע קינדער פּונקט ווי איך,
וויינען אויף דיין אַש און שטויב.

שוין אַ יאָר ווי ביזט ניטאָ,
זינט דעם שרעקלעכן מעת לעת,
נאָר קלאָר געדענק איך יענע שעה,
ווען כ'האָב געוואַרט נאָך אויף אַ נס.

# דיינע בילדער

דיינע בילדער ערליכע,
אין ראַמען־גאָלד געקליידטע —
זוניקן די גרויע טעג,
טרייסטן אונדז צעשיידטע!

בילדער אויפגעלויכטענע,
לויכטן מילד און מילדער —
קלאָגט מיין עלנט דורכן טאָג,
צערטלען מיך די בילדער.

שאַרט די נאַכט מיט שוואַרצע פיס,
טרעט אויף מיר אַ שטרענגע —
פליען פריי אַרויס די בילדער,
פון די ראַמען ענגע.

בילדער הימל־פאַרביקע,
גוטסקייט און געזיכטער —
זינגען שירה דיין באַשאַף —
ווער איך אויפגעריכטער!

ענדלעך האָט דער טאָג אַנטבלויזט,
מיך און צער צוזאַמען —
די בילדער ציען זיך צוריק,
ווידער אין די ראַמען!

# נישטאָ, נישטאָ קיין ריס

נישטאָ, נישטאָ קיין ריס צווישן טויט און לעבן,
ווי נישטאָ קיין ריס צווישן טאָג און נאַכט.
טאָג די אויגן זעטיקט,
נאַכט — די רו פאַרשפּעטיקט —
פריער, שפּעטער — די אויגן צוגעמאַכט.

נישטאָ, נישטאָ קיין ריס צווישן טויט און לעבן,
ס׳איז בלויז אַן איבערגאַנג, אַ פאַרב־געטויש.
לעבן טויבט פאַרלאַנגען,
טויט לעשט אויס די באַנגען —
איז דיין טויטע שטילקייט מיין באַרויש.

נישטאָ, נישטאָ קיין ריס צווישן טויט און לעבן —
דער טויט — אַ שלייער־פאָרהאַנג — גרעסטער סוד!
מיר, קרבנות עדות,
פון דעם בורא־עולמ׳ס סודות —
רופן מיר דעם סוד פון סודות   גאָט.



אַ היימישער טרעגער

סקולפּטור ביי ראָזא-ניומאַן ייאַרינסקי

# האַרין מיינס

האַרין מיינס, ביסט מיין טינטער,
בלוט מיינס אויף פּאַפּיר.
כ׳טונק אין האַרץ מיין פּעדער —
טייכט אַרויס אַ שיר.

האַרין מיינס, צער צעצאַפּלט,
יעדער אות — אַ כליפּ.
שוימט מיט בלוט פון האַרצן
אמת אויף מיין ליפּ.

בריט דער אמת נומען,
ליבע אונדז פאַרבינדט.
האַרין מיינס, טרויער, דער טינטער
כליפּעט, שערבלט, רינט!

# דיין ירושה

דיין ירושה איז מער ווי די קליידער פון פרייד:
קליידער פון יום טוב, וואָס דו האָסט גענייט;
קליידער פון רייַן, אין קאָמאָד און שופלאַד —
די שענסטע פון קליידער — דיין האַרץ, דיין גענאַד.

דיין ירושה איז מער ווי פון פערל אַ באַנד,
דימענטן, בריליאַנטן אויף פינגער פון האַנט —
די שענסטע ירושה: דיין ליד, דיין סקולפּטור,
דיין ריינע נשמה, דיין גוטע נאַטור.

# כ׳וויים ווי איינזאַם

דער האָדסאָן באַהעפּט זיך מיטן הימל,
נעפּל־חושך —ביידן קנווילט.
די פּאַליסאַדן אין געווימל,
און אַ מרה־שחורה — גרוילט !

נידערט הימל ביז די דעכער ;
דער לאַמטערן פינטלט שטאַר -
הייערט טרויער אין מיין בעכער :
ביסט אין שטוב און זעסט מיין צער.

כ׳פיל אין פינסטערניש דיין טאַליע,
דיין באַריר איז מיר באַשערט —
האָסט פאַרלוירן יעדע תאווה —
דו ביסט הימליש אויף דער ערד.

פלוצים הונערט מיט לצנות,
הימל, ערד אויפסניי צע׳גט :
שעפּטשען ליפּן פול רחמנות :
״ווי איינזאַם און ליידיק אין צימער דאָס בעט״.

# אין די שאָטנס פון די פּאַלמען

טויזנט הן׳ען, ים געטובלט,
איז פון שייד די זון אַרויס –
מאָרגן־אויסשטראַל שופר׳ט יובל —
איך אין דמיון אין דיין שויס.

גרין און בלוי די כוואַליעס שלאָגן,
האָרבן־רוקענס, זילבער־שניי;
זינגען זעמדער ווינט געטראָגן,
און דיין ליד אין ווינטל וויי.

פּאַלמען בלעטער שעפּטשען סודות —
איך פאַרנעם דיין ערלעך ליד —
און דער בוים איז מיר אַן עדות:
טיף אין האַרצן ליבשאַפט גליט.

אין די שאָטנס פון די פּאַלמען
כ׳מאַך די אויגן צו פאַרוויגט
שלאָף איך איין אַליין אַן אַלמן:
קומט דיין זעאונג אין דערקוויקט!

# קושן

כ׳קוש דיך אַן ווערטער,
מיט ליפּן פאַרביינקטע —
ליפּן געטובלט אין תפילה —
קושן פון ליבע,
און לעבן־געשיינקטע,
אויף ליפּן וואָס בעטן מחילה.

כ׳קוש דיך אין בלוי־ליכט,
מיט ליפּן מיט גרימען,
אין הלום די קושן באַ׳טעמ׳טער;
דערהויאַך איך אין גרוי־ליכט,
עס קלינגט נאָך דיין שטימע: —
„אַ שאָד וואָס דיין ליד אַ פאַרזאַמטע״!

כ׳קוש דיך אָן ווערטער,
אָן ערדישע גלוסטן —
ווערטער ווי פויגעל צעפליען —
קושן פאַרטרערטע,
צו דיר בלויז באַוואוסטע,
בעטן: זאָלסט זיך פאַר מיר מיען!

# וואָס גוט איז פאַר דיר — גוט פאַר מיר

אין טאָג פון נאָכאַלעמען — נאַכט!
אין נאַכטיקן שלאָף — אַזאַ רוה
קומסט, ווי אויף כרובים געבראַכט —
כ׳פיל, ווי דו טוליעסט מיך צו.

ווען שטיל און פארשטומט דער אַרום,
און לעצטקייט — דאָס קישן פון בעט —
צאַרט איז דיין האַנט ווי אַ בלום,
און פרומער ווי פרום דיין געבעט!

אייביק די טעג ווי די נעכט,
אייביק דאָס לעבן און טויט...
פאַרב-לאַנד און שטאַרב-לאַנד באַשערט:
דער אייביקער שומר באַגלייט!

אין נאַכט פון נאָכאַלעמען, וואָס?
וואָס גוט איז פאַר דיר — גוט פאַר מיר!
און קום איך צום גבול פון דיין שלאָס:
זאָל קלינגען דיין ערלעכער שיר!

# סך־הכּל

אין פּחד — אַ קוש פון פּאַרטרויען;
אין יאוש — אַ שמייכל פון גבורה,
אין נאַכטיקן חושך — מנורה —
באַלויכט איצט אַן אונטערשטע שורה!

די שורה פון השבון הנפש,
פון ערדישע ווערטן — סך הכּל;
ביים ראַנד פונם אָפּגרונט באַגלויביקט,
אין טאָל פונם טויט הויך דיין פאַקל!

אין שלאָף פון די דורות דער גורל,
אין ערדישן שטויב די מערכה;
די טעג פון די נעכטנס — אַ תּפילה,
פאַר הימלישן חסד און ברכה...



ראָזאַ־ניוּמאַן וואָלינסקי ביי דער אַרבעט
אין 1946

# *Contents*



# *Lament and Song*



POEMS BY

OSSIP WALINSKY

SCULPTURES BY

ROSA NEWMAN WALINSKY